# די
# גאלדענע
# מדינה

פון

וויליאם
גראפּנער-

# די גאלדענע מדינה

געווידמעט דער
רעוואָלוציאָנערער יוגנט

## פון וויליאם גראָפּער

מיט אַ פאָרוואָרט פון **מלך עפשטיין**

ארויסגעגעבן פון
פארלאג „פרייהייט“
80 יוניאָן סקווער, ניו יאָרק

# וויליאַם גראָפּער

(אַ כאַראַקטעריסטיק)

פון מלך עפּשטיין

## 1

אַ בוך מיט צייכנונגען איז אַ נייעס ניט נאָר אין דער אידישער אַרבעטער-באַוועגונג. נאָר אין דער אידישער ליטעראַטור בכלל. סאַטירע אין בילדער איז דער אינגסטער צווייג פון קונסט. אין אַמעריקע האָט אָט־דער צווייג אַ וואַקס געטאָן ערשט אין די לעצטע יאָרן. אין דער אידישער אַמעריקע — נאָך שפּעטער.

סאַטירע אין בילדער — קאַריקאַטורן און קאַרטונס זיינען אַ טייל דערפון — איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען כמעט אַן אומבאַקאַנטע זאַך אין דער אידישער פּובליציסטיק. בלויז הומאָריסטישע זשורנאַלן האָבן זיך דערמיט פאַרנומען. מען האָט געקוקט אויף דעם, ווי אויף אַ שטיפעריי, וואָס פּאַסט ניט פאַר ערנסטע סאָלידע אויסגאַבן און פאַר ערנסטע מענטשן. קאַריקאַטורן און קאַרטונס זיינען געווען אַ שקאָצעריי.

אָט־די נעגאַטיווע באַציאונג האָט זיך גענומען טיילווייז פון דער אַלגעמיינער פרעמדקייט פון דעם אידישן עולם צו דער בילדלאַכער קונסט בכלל. דער חוש פון זען און אָפּשאַצן ליניעס און פאַרבן איז לחלוטין ניט געווען אַנטוויקלט צווישן די אידישע מאַסן. אויף וויפיל עס האָט געבורעט דאָס געפיל פון אָפּלאַכן, אויסלאַכן און חוזק מאַכן, האָט מען זיך באַנוגנט מיט דעם קליינעם פעליעטאָן, מיט דעם הומאָריסטישן ליד און מיט וויצן אויף טעגלאַכע פּאַסירונגען.

די וועלט־מלחמה האָט אין אַלע לענדער געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער בילדלאַכער סאַטירע. אין אייראָפּע, וואו עס האָט אויך פריער באַאיינפלוסט דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבן, איז עס געוואָרן אַ נויטווענדיקייט. דער דראַנג אויסצודריקן געפילן און מיינונגען מיט דער הילף פון סאַטירישע בילדער האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אין אַמעריקע, וואו צייכנונגען פאַרנעמען וואָס ווייטער אַלץ אַ מער אָנגעזעענעם אָרט אין די צייטונגען און זשורנאַלן. ערטערווייז אפילו דעם אויבן-אָן.

אַנדעריש האָט ניט געקענט זיין. די וועלט־מלחמה האָט אָנגעשטריינגט די פעלקער ביז דער העכסטער מדרגה, האָט איינגעשפּאַנט יעדן אונץ פון זייער פיזישן און גייסטיקן כח, האָט אויפגעשרויפט זייערע נערוון און אָנגעשפּיצט זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. די מלחמה־מאַשין האָט נאָכאַנאַנד באַדאַרפט וועקן, רופן און מונטערן די מידע פעלקער. מען האָט געמוזט אָנקומען צו די העלסטע, שאַרפסטע און בולט׳סטע מיטלען, וואָס זאָלן ריידן ניט נאָר צום שכל, נאָר אויך און טאַקע הויפּטזאַכלאַך צו די געפילן. נאָך מיליטערישע פאַראָדן זיינען פּלאַקאַטן אויף די ווענט, אָדער קאַריקאַטורן אין די צייטונגען דער העלסטער און שאַרפסטער מיטל.

וואָס מער עס איז אויסגעקומען צו וועקן די אַקטיוויטעט פון ברייטע מאַסן, אַלץ מער איז מען אָנגעקומען צו דער הילף פון בילדער, בילדער אין אַלערליי פאָרמען. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, וואָס איז דער גרעסטער און טיפסטער מאַסן־אויסדרוק פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט דערפירט די פּאָליטישע צייכנונג צו איר פולקומענסטן אויסדרוק. אַ גאַנצע בילדער-ליטעראַטור איז באַשאַפן געוואָרן אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג. דער פּענזל פון דעם אַרטיסט איז געוואָרן אַ מעכטיקער וואָפן אין קאַמף קעגן

דער פרעמרער און היימישער קאָנטר־רעוואָלוציע, קעגן הונגער און עקאָנאָמישן כאָאָס. כאָטש שנעל און איילִיק, בלויז פאַר צילן פון דעם מאָמענט, זיינען פונדעסטוועגן באַשאַפן געוואָרן פּלאַקאַטן און צייכנונגען, וואָס זיינען אָן צוויפל קונסט־אַרבעטן.

די רוסישע פּויערים־מאַסן, אומאַנטוויקלט און גרעסטנטייל אַנאַלפאַבעטיש, האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די בילדער, ווי דורשטיקע צו אַ טרונק. דער פּלאַקאַט, די קאַריקאַטור האָבן גערעדט צו זיי אויף אַ פאַרשטענדלאַכער אינטימער שפּראַך. די צייכנונג האָט אָפט געווירקט שטאַרקער, ווי די פלאַמענדיקע רעדע פון אַגיטאַטאָר.

די פרעמדקייט צו סאַטירע אין בילדער אויף דער אידישער אַרבעטער־גאַס איז אויך געבראָכן געוואָרן אַ דאַנק די גרויסע אָנשטריינגונגען, וואָס די אידישע אַרבעטער האָבן געמאַכט די לעצטע יאָרן. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס די „פרייהייט“ איז געווען די ערשטע אידישע אַרבעטער־צייטונג איינצופירן קאַרטונס, ווי אַ שטענדיקער מיטל צו ריידן צו די לעזער. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דער קאַרטון און די קאַריקאַטור פאַרנעמען איצט אַזאַ וויכטיקן און אָנגעזעענעם אָרט אין דעם קאַמף פון די מאַסן קעגן די דרויסנדיקע און אינעווייניקסטע שונאים. צייכנונגען זיינען געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע אין דער גאַנצער וועלט טאַקע צוליב דעם מאַסן־כאַראַקטער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און צוליב די אָנגעשטריינגטע קאַמפן, וואָס זי פירט אומעטום. די אידישע קאָמוניסטישע באַוועגונג איז ניט קיין אויסנאַם אין דעם פּרט.

דער שרייבער פון די שורות וואָלט געקענט דערציילן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן, ווי אַזוי די אַרבעטער האָבן פון אָנהויב אויפגענומען דעם קאַרטון אין דער „פרייהייט“. די „פרייהייט“-רעדאַקציע האָט געמאַכט עטלאַכע געוואַגטע עקספּערימענטן מיטן גלויבן, אַז זי וועט אויפוועקן די אינטעליגענץ פון דעם אַרבעטער און אַנטוויקלען זיין געשמאַק צו בעסערע צייכנונגען. איצט קענען מיר זאָגן, אַז אונזער בטחון אין דעם אַרבעטער־לעזער איז מקוים געוואָרן אין פול. גראָפּער איז אַ ליבלינג ביי דער „פרייהייט“ אַרמיי. דאָס איז אַ קאָמפּלימענט פאַר דעם לעזער. אגב, האָט עס אונז נאָכאַמאָל געוויזן, ווי גרינג עס איז צו הויבן דעם געשמאַק פון דעם לעזער, אויב מען כאַפּט זיך באַצייטנס.

## 2

גראָפּער איז איינער פון די געציילטע אַרטיסטן אין אַמעריקע, וועלכע האָבן דערפירט די סאַטירע אין בילדער צו דער מדרגה פון קונסט. גראָפּער איז אַ סאָציאַלער קריטיקער מיטן פּינזל און בליישטיפט. גראָפּער איז שעפעריש. ער פאַרמאָגט אַ חוש פאַר קינסטלערישע ווערטן מיטן גליקלאַכן צוגאָב פון אַ פּרעקטיקער טעכניק אַרויסצוברענגען זיינע אידייען.

גראָפּער'ס סטיל איז אָריגינעל און אויסדרוקספול. צייטנווייז, און צום באַדויערן, איז זיין אָריגינאַליטעט פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז זי מאַכט אים ניט צוגענגלאַך פאַרן דורכשניטלאַכן מענטשן. אָט־דער שטריך, צוזאַמען מיט דעם טראָגיקן אינהאַלט פון זיינע צייכנונגען—די טעמעס, וואָס אָטעמען מיט רעוואָלט קעגן די הייינטיקע פאָרמען פון לעבן,—האָבן ניט געלאָזט ער זאָל פאַרנעמען דעם אָרט אין אַמעריקע, וואָס אים קומט לויט זיין טאַלאַנט. קלענערע אַרטיסטן פון אים זיינען דערהויבן געוואָרן נאָר צוליב דער אויבנאויפיקער „צוגענגלאַכקייט“ פון זייערע צייכנונגען און דער „אָנגענעמקייט“ פון זייערע טעמעס.

גראָפּער'ס קונסט איז ניט צאַצקעדיק־שיין. פאַרקערט, זייער אָפט איז זי גרויזאַם און מרה־שחורה'דיק. דאָס נעמלאַכע—זיינע טעמעס. גראָפּער שפּאַצירט ניט צווישן בלומען און קוויקט ניט זיין פּענזל מיט זייערע קאָלירן. ניט דער גענגסטער און דער פּאָליסמאַן, ניט דער הונגעריקער טרעמפּ ווינטער ביינאַכט אין פּאַרק און ניט דער איטאַליענישער אימיגראַנט פון דער איסט-סייד זיינען לוסטיקע, פריילאַכע „אידייען“. גראָפּער קוקט אַראָפּ צו די אָרימע און געפאַלענע, הונגעריקע און מידע, ער טאַפּט אָן זייער עלנד, טוט עס אָן אין פאָרמען און הויבט עס אויף, ווי איינער זאָגט: נאַ, וועלט, קוויק זיך מיט דער פרייד, וואָס דו גיסט דיינע מענטשן!

גראָפּער טראָגט אַ גרויסן כח אין זיך. דער צושויער קען זיך ניט אַנטקעגנשטעלן זיין קראַפט. אָפט קעגן דעם אייגענעם ווילן מוז מען באַאיינפלוסט ווערן פון גראָפּער'ס צייכנונג. דער איינדרוק איז שטענדיק שאַרף און וויבּרירנדיק. עס קריצט זיך אַריין אין זכרון.

גראָפּער'ס סטיל איז אייגנאַרטיק. איר קענט דערקענען זיינע אַ צייכנונג פון דער וויטן. די ליניעס זיינען גרינטלאַך און פול. זיין קאָנסטרוקציע איז שטענדיק באַלאַנסירט.

ער הערט אָבער ניט אויף צו עקספּערימענטירן. דער זעלביקער גראָפּער קען אַמאָל פּלוצלונג ענדערן זיין סטיל, אַז מען זאָל אים כּמעט ניט דערקענען. אַ מייסטער פון פאָרם, זוכט ער אַלץ נייע פאָרמען פאַר זיין קונסט.

גראָפּער איז נאָענט צום רעאַליזם. צו דערגרייכן אַ גרעסערן עפעקט, באַנוצט ער אַמאָל איבערגעטריבענע ליניעס. דאָס מיינט ניט, אַז אין זיין קאָנסטרוקציע פעלט שיינקייט. פאַרקערט, גראָפּער קען ניט פאַרטרייבן דעם עסטעטישן עלעמענט פון זיין שאַפן. זיינע צייכנונגען אַפּעלירן צום אויג, צום מח און צו די עמאָציעס. זיי באַאיינפלוסן דעם מענטשן אומבאַמערקבאַר פאַר אים אַליין.

3

וויליאַם גראָפּער איז אַ קינד פון דער אידישער, און גלייכצייטיק קאָסמאָפּאָליטישער, איסט־סייד — די איסט־סייד, וואו קינדער קישן אויף די שמאָלע גאַסן און וואו פעלקער און ראַסן מישן זיך אויס אין אַ קאָלירפול, האַלב־עקזאָטיש בילד.

אין גראָפּער'ס אָדערן פליסט דאָס בלוט פון צוויי שאַרף־קענטיקע, אָפּגעזונדערטע פעלקער. זיין זיידע, פון פאָטער'ס צד, אַ רייכער רומענישער איד, האָט חתונה געהאַט מיט אַ שפּאַנישער מיידל. צו פאַרגלעטן זיין זינד קעגן דעם אידישן פאָלק, האָט דער גביר אויפגעהאַלטן אַ שטריינג אידיש הויז און געבויט שולן און בתי־מדרשים. דער זון, גראָפּער'ס טאַטע, האָט געזאָלט זיין אַ אידישער סוחר און אַ למדן אין דער געמיינדע. אַ איד, וואָס האָט אין יענע יאָרן געוואָגט אין בוקאַרעסט אַזוי אָפּנייגן זיך פון אידישקייט, האָט געמוזט פאַרמאָגן אַן אייזערנעם כאַראַקטער. דער זון האָט אויך אָבער גע'ירשנ'ט אַ טייל פון דעם טאַטנס איינגעשפאַרטקייט און אַביסל פון דער מאַמעס וואַרים בלוט. ער האָט ניט געוואָלט זיך לאָזן אויסשמעלצן פון טאַטן. אים האָט געעקלט פון טאַטנס מסחרים. דערפאַר האָט אים געצויגן צום בוך און צום וויין־קעלער.

דער צוזאַמענשטויס צווישן דעם טאַטן און דעם זון האָט זיך געענדיקט מיטן זונ'ס אַנטלויפן קיין אַמעריקע. אַ הונגעריקער און אַ עלנטער, איז דער יונגער גראָפּער אַריינגעפאַלן אין דער גאָלדענער מדינה. אַ גבירישער זון, אַ טרוימער און מיט דער לוסט צו לעבן פון אַ דרום־מענטש, האָט דער יונגער בחור זיך ניט געקענט צופּאַסן צו דער האַרטער, קאַלטער און אויסגערעכנטער אַמעריקע. ער איז געווען אַ דורכפאַל. נאָר אין מאָשקאָוויטש'עס וויין־קעלער איז זיין שטערן געווען הויך. וויליאַם האָט אַ סך וואַרימע ערינערונגען פון זיין טאַטן ביי מאָשקאָוויטש'ען. אַ שיינער ברונעט, מיט אַ זאַפטיקער שטים, אַ קענער פון פאָלקסלידער, איז ער געווען דער צענטער פון דער קאָמפּאַניע. ביי אַ גלעזל וויין און אין אָטעם פון דעם מעלאַנכאָלישן וואָלאַכל זיינען פאַרגעסן און אָפּגעשווייגט געוואָרן די ביטערקייט פון דורכפאַל און די האָפענונגסלאָזיקייט פון זיך ניט קענען צופּאַסן.

וויליאַם איז, ווי אַלע קינדער פון דער אָרימער איסט־סייד, דערצויגן געוואָרן מער אויף דער גאַס, ווי אין דער היים. פון דער פריסטער יוגנט האָט אים געצויגן צו צייכענען. נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן באַזוכן די פּאָבליק־סקול, האָט ער געמאָלן אויפ'ן טראָטואַר מיט ווייסן און קאָלירטן קרייד. אין הויז איז דאָס געווען שטריינג פאַרבאָטן. פון דערמוטיקונג איז ניט געווען וואָס צו ריידן. זיין מוטער, אַ רוסיש־אידישע פרוי, האָט בכלל נעקוקט אויף דעם, ווי אויף אַ איבעריקער זאַך. דער פאָטער, מיט זיין גאַנצער פּאָעטישקייט און לעבנסלוסט, האָט געפילט אַן איינגעוואָרצלטע—פון דעם אידישן צד אין אים — פרעמדקייט צו דער קונסט פון מאָלן. וויליאַמ'ס פאָטער האָט זיך באַצויגן קרום צו זיין אינגל'ס פאַרכאַפּנדיקער נויגונג. ער האָט שאַרף ניט איינגעוויליקט, אַז „ביל" זאָל ווערן אַ מאַלער. דעם אינגל איז אויסגעקומען צו פירן אַ לאַנגן געראַנגל מיט זיין טאַטן, אַ געראַנגל, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי דער טאַטע האָט געלעבט. דעם עלטערן גראָפּער'ס ווידערגעפיל קעגן מאַלעריי איז געווען אַ טשיקאַווע: ער פלעגט שטענדיק מאַכן אויפמערקזאַם דעם זון:

— מאַלעריי איז ניט קיין ערלאַכע ארבעט. אַ מאַלער שאַפט ניט קיין ממשות'דיקע זאַך. זיי בעסער אַ שוסטער, אַ סטאָלער, טו עפּעס און מאַך אַן אָרנטלאַכן לעבן.

אפילו ווען „ביל" איז צו נײַנצן יאָר געוואָרן דער קאַרטוניסט פון דער „טריביון" און נעקראָגן די קאָפּ־שווינדעלדיקע געהאַלט פון 150 דאָלאַר אַ וואָך און געבראַכט דאָס גאַנצע געלט אהיים, איז דער טאַטע געבליבן ביי זיינס:

— דו מאַכסט ניט קיין לעבן פון אָרנטלאַכער ארבעט.

„ביל“ איז אָבער פאַרכאַפּט געוואָרן פון אינערלאַכן דראַנג צו מאָלן—אַ דראַנג, וואָס האָט אים ניט געלאָזט רוען. ער האָט קיין זאַך ניט געזען אויסער בילדער. ער איז געווען פאַרטאָן און פאַרקאָכט אין בילדער. זיין איינציקער ציל אין לעבן איז געווען צייכענען.

וויליאַם גראָפּער האָט דורכגעמאַכט אַ טיפּישע איסט־סייד קאַריערע. דער טאַטע האָט געקריינקט. אין הויז זיינען געווען אַ סך קינדערלאַך. האָט ער געמוזט גיין אַרבעטן. צו צוועלף יאָר האָט ער זיך פאַרדונגען אין אַ ביליקן, שמוציקן באָוערי עס־פּלאַץ. פאַר צוויי, דריי דאָלאַר אַ וואָך האָט ער דאָרטן געוואַשן געפעס. אַ גאַנצן לאַנגן טאָג געטונקט זיינע הענט אין די געפעס און אין אָוונט געמאָלן, פיבערהאַפּט געמאָלן. ניין חדשים שפּעטער האָט אַ קרוב אים געקראָגן אַ בעסערן פּלאַץ, אַ שיק־ און פּאַק־אינגל אין אַ קליידער־געשעפט אויף קאַנאַל סטריט. דאָרטן האָט ער שוין געמאַכט פינף דאָלאַר אַ וואָך. דאָס זעלביקע: אַ לאַנגן טאָג געאַרבעט און אין אָוונט געמאָלן. דעמאָלט איז ער שוין געגאַנגען אין אָוונט־צייכנונגשול און געקראָגן זיין ערשטע עלעמענטאַרע בילדונג אין מאָלן.

פינף יאָר האָט ער געאַרבעט אַלס שיק־ און פּאַק־אינגל אין דעם קליידער־געשעפט און דערווייל זיך געלערנט און געמאָלן. אין שול האָט ער זיך אויסגעצייכנט, ביז וואַנען ער האָט געקראָגן אַ סטיפּענדיע אין אַ רייכער קונסט־שול. דאָרטן פלעגט ער געווינען אַלע פּרייזן, אים אַליין פלעגט עס ווערן דערווידער — דאָס שטענדיקע פּרייז־געווינען.

זיין ליידנשאַפט צו מאָלן האָט גראָפּער׳ן פאַרהיט פון אַ סך שטרויכלונגען, וואָס ליגן אויפ׳ן וועג פון אַ יונג בחור׳ל אויף דער איסט־סייד. ער האָט זיך איבערגעגעבן זיין ליידנשאַפט. קאָלירן, פאַרבן און ליניעס האָבן פאַרשטעלט פאַר אים דאָס לעבעדיקע לעבן.

גראָפּער האָט אָנגעהויבן ציען אויפמערקזאַמקייט. זיינע אַרבעטן האָבן שטאַרק אויסגענומען. עטלאַכע שאַרזשן זיינען אַזוי געפעלן געוואָרן מבינים, אַז אין 1917 האָט די „טריביון“ אים פאָרגעלייגט צו ווערן איר קאַרטוניסט. פאַר גראָפּער׳ן איז געלעגן אויסגעפלאַסטערט דער וועג צו אַ ברייטער רייכער קאַריערע, אין דעם ברייטן רייכן לאַנד.

גראָפּער איז ווייט געווען פון ראַדיקאַלע אידייען און דער אַרבעטער־באַוועגונג. אינגלוויז פלעגט ער הערן פון טאַטן וועגן עקספּלואַטאַטאָרן און באָסעס. דער טאַטע איז געווען דער ערשטער צו אָרגאַניזירן די יוניאָן פון ביל־פּאָסטערס און טעאַטער־אָשערס. ווייטער פון דעם האָט גראָפּער ניט געוואוסט. סאָציאַלע פראַגן האָבן אים ניט געמאַטערט. זיין קונסט האָט אים איינגעשלונגען. זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז געקומען דורך אַ מאָדנעם צופאַל. מיר וועלן לאָזן גראָפּער׳ן אַליין עס דערציילן:

„פּאַסירט האָט עס אין די אומרואיקע טעג פון 1918, ווען אַמעריקע איז געווען אין ברען פון מלחמה־היסטעריע. דער יוסטיץ־דעפּאַרטמענט האָט אָנגעהויבן אַ קרייץקאַמפּיין קעגן די א. וו. וו. (אינדאָסטריעל וואָרקערס אָוו די וואָרלד). די „טריביון“ האָט אונטערגעהאָלפן מיט אַ גיפטיקער העצע קעגן די „פאַררעטער“ און „אַגענטן פון דייטשלאַנד“. איינמאָל רופט מיך דער רעדאַקטאָר און זאָגט מיר צו באַזוכן צוזאַמען מיט אַ רעפּאָרטער די היגע העדקוואָדערס פון די א. וו. וו. די צייטונג האָט געקראָגן אַ וואָונג, אַז אינגיכן וועט זיין אַן איבערפאַל אויף די א. וו. וו. האָט זי געוואָלט באַצייטנס צוגרייטן אַ געשמאַקע פּאַטריאָטישע און סענסאַציאָנעלע פּאַטראַווע פאַר אירע לעזער.

„דער רעדאַקטאָר האָט אונז ביידן געוואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק מיט די א. וו. וו. אין זייערע העדקוואָדערס זיינען זיכער באַהאַלטן באָמבעס. אונזער לעבן איז אין סכנה. אויף די „רויטע“ מעג מען זיך אַלץ ריכטן. דער רעפּאָרטער האָט באַדאַרפט באַשרייבן און איך אילוסטרירן די שרעקלאַכן זאַכן, וואָס מיר וועלן טרעפן אין געפערלאַכן פּלאַץ.

„היפּש אויפגעשרויפט און אָנגעשראָקן האָבן מיר ביידע אָנגעקלונגען אין דעם פּלאַץ, וואו „באָמבעס זיינען געווען באַהאַלטן“. צו אונזער גרויסער איבערראַשונג האָבן מיר געטראָפן עטלאַכע פיינע יונגע „טשעפּס“ פון דעם מערב־טיפ. דער סעקרעטאַר האָט אונז זייער גוט אויפגענומען און אונז פריי דערקלערט די צילן פון די א. וו. וו. אַנשטאָט אומדערטרעגלאַכע „רויטע“ מיט לאַנגע האָר און ווילדע אויגן, ווי די א. וו. וו. האָבן אויסגעקוקט לויט דעם קאָנווענציאָנעלן בילד אין די צייטונגען, האָבן מיר געזען פאַר זיך האַרציקע יונגען. מיר האָבן פאַרבראַכט מיט זיי עטלאַכע שעה, אויסגעהערט גאַנצע לעקציעס קעגן קריג און אַוועק מיט אַ פּאַק ליטעראַטור און מיט רויטע מיטגליי־

דערשאפט־ביכלאך אין די קעשענעס. די שווידערלאכע, שפאנענדיקע, מיסטעריעזע באשרייבונג, וואס דער רעדאקטאר האט פון אונז דערוואַרט, האט ער ניט געקראָגן...“

אַזוי איז געווען דער אָנהויב. גראָפּער'ס באַגלייטער, דער רעפּאָרטער, איז שפּעטער אַוועק אויף אַ לייטישן וועג. היינט איז ער אַ רעספּעקטאַבעלער מיטאַרבעטער אין אַ רעספּעקטאַבעלער קאַפּיטאַליסטישער צייטונג. גראָפּער איז געבליבן אָנגעשטעקט. וואָס ווייטער, אַלץ טיפער.

פון די א. וו. וו. צום „ליבערייטאָר“ איז אַ קורצער וועג. גראָפּער איז געוואָרן אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון א. וו. וו. אויסגאַבן און פון מאַקס איסטמאַנ'ס זשורנאַל. שפּעטער האָט ער געצייכנט פאַר דער „רעוואָליושאָנערי איידזש“, דער אָרגאַן פון דעם לינקן פליגל אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די פרומע רעאַקציאָנערע „טריביון“ האָט דאָס ניט געוואָלט ליידן. אַ־פריער האָט זי פּרובירט מיט גוטן און נאָכדעם מיט בייזן. גראָפּער האָט געקראָגן אַן אולטימאַטום: אָדער מיט אונז, אָדער מיט די רעוואָלוציאָנערע זשורנאַלן. די צייט איז געווען אַ הייסע. דער „קריג אָפּצושאַפן קריג“ האָט זיך געענדיקט מיט אַ מאָראַלישן קאַצנדיאַמער. די רעאַקציע אין לאַנד איז געשטיגן און צוזאַמען מיט איר איז געשטיגן די אומרואיקייט. גראָפּער האָט מיט זיין געוויינטלאַכער רואיקער שטילקייט אויסגעקליבן דעם צווייטן עק פון אולטימאַטום: ער איז אַוועק פון דער „טריביון“ און האָט פאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר צו אַ קאַריערע און רום.

## 4

דער קונסט־קריטיקער ווילאַרד האַטינגטאָן רייט, אין זיין אַרטיקל וועגן גראָפּער'ן, גיט אַ גלענצענדיקע אָפּשאַצונג פון גראָפּער'ס אַרבעט, זיין סטיל, טעכניק און די וואַרימקייט, וואָס אָטעמט פון יעדער צייכנונג. ווען רייט וויל אָבער אַריינדרינגען אין די אינערלאַכע מאָטיוון, וואָס באַוועגן גראָפּער'ס קונסט, איז זיין צוגאַנג, און במילא אויך זיין אויספירונג, אַ פאַלשע.

אוועקשטעלנדיק גראָפּער'ן אין פראָנט פון די גרעסטע קאַריקאַטוריסטן אין אייראָפּע, זאָגט רייט:

„כאָטש אין גראָפּער'ן איז פאַראַן ציניזם און אימפּולס צו סאָציאַלער געטערפאַרניכטונג, איז זיין ציניזם, מיט זיין גאַנצער שלעכטקייט און אויסגעשפּראָכענקייט, דורכגעוועבט מיט ביטערקייט פון האָפנונגסלאָזער און טיפער סימפּאַטיע. זיין געטערפאַרניכטונג איז ניט רעוואָלוציאָנער און ניט גוואַלטזאַם, נאָר גיכער דער אויסדרוק פון אַ טיף איינגעוואָרצלטן חוש פון טראַגישער צוועקלאָזיקייט און איבעריקייט. גראָפּער'ס סאַטירע איז ניט אַזוי בייסיק, ווי די קאַלטבלוטיקע און אַבסטראַקטע אויפדעקונגען פון מענטשלאַכער בעסטיאַליטעט און היפּאָקריטסטוואָס, וואָס אין די אַרבעטן פון דעם פראַנצויז פאָרען. אָפט דערפילט מען אין גראָפּער'ס צייכנונגען פון מענטשלאַכער גראָבקייט און טעמפּקייט אַ בכיון באַהאַלטענעם פּאַטאָס, וואָס האָט באַוועגט דעם קינסטלער אין זיין אַרבעט. דאָס איז שאַרף קענטיק אין אַזאַ צייכנונג, ווי סיעסטאַ (אַריינגענומען אין דעם אַלבאָם—מ. ע.).

„אָט־די אייגנשאַפט—דער פערזענלאַכער און מיטפילנדיקער אינטערעס, וואָס גראָפּער פילט צו זיינע טיפּן, אַ אינטערעס, וואָס ווערט אַמאָל סענטימענטאַל־זאָרגפעלטיק—צייכנט אויך אויס גראָפּער'ן פון דער דייטשער גרופּע אַרטיסטן פון דעם „סימפּליציסימוס־פליגענדע בלעטער“ שניט. ניט קוקנדיק אויף דעם אויבערפלאַכלאַכן מאַניעריזם, וואָס ער האָט געמיינשאַפטלאַך מיט דער דייטשער שול, איז פאַראַן אַ דינער און דאָך גרינטלאַכער אונטערשיד. עס מעג אויסקוקן מאָדנע: אָט־דער אונטערשיד ליגט אין דער אַמעריקאַנישער סביבה. כדי סאַטירע זאָל זיך ניט אַרונטערלאָזן צו אַ פּיפּיקער נאָכאַמונג אָדער צו אינספּיראַציע פון צווייטן גראַד, מוז זי אַרויסשפּרינגען פון איר אייגענער אומגעבונג“.

מיר גלויבן, אַז רייט איז ניט גערעכט, ווען ער רעדט פון „האָפנונגסלאָזער ביטערקייט און טראַגישער צוועקלאָזיקייט און איבעריקייט“. אמת, רייט האָט זיין אַרטיקל געשריבן נאָך מיט דריי יאָר צוריק, ווען גראָפּער איז געשוואומען גייסטיק אין אַ הינער־פּלעט. גראָפּער האָט געזען דעם אומזין פון פּיין און ליידן אין היינטיקן לעבן, דאָס האָט ער געשיקט

און קינסטלעריש ארויסגעבראכט. ער האט אבער דעמאלט נאך ניט אנגעטאפט דעם וועג, וואס פירט ארויס פון דעם אומזין. גראפער’ס טיפן האבן זיך געצאפלט אין דעם פלאנטער, וואס האט אויסגעזען צו זיין אייביק און פארענדיקט. מעגלאך, אז צו א בורזשואזן קונסט־קריטיקער האט גראפער’ס ארבעט אין יענער צייט געוויעט מיט רחמנות, און ניט מער, כאטש דער רעבעל, דער ברעכער און פארניכטער פון געטער איז גראפער געווען אויך דעמאלט — א פול־בלוטיקער בונטאר קעגן דער טעמפער, פארגליווערטער, זעלבסט־צופרידענער זאטקייט, מיט אויפריכטיקער ווארימקייט פאר די, וועלכע ליגן אויף די נידעריקע שטאפלען פון סאציאלן לייטער. קיין רעוואלוציאנער, אין אונזער באגריף, איז ער נאך ניט געווען. גראפער איז געווען פול מיט צארן קעגן די אונטערדריקער און מיט סימפאטיע צו די אונטערדריקטע. אים האט אבער געפעלט דאס קלארע בילד פון דער ליכטיקער צוקונפט. דער האריזאנט האט אויסגעקוקט פאר זיינע אויגן פארנעבלט. זיכער וועט אמאל קומען א סוף צום איצטיקן וואנזין, געוויס וועט אויסברעכן א רעוואלוציע, וואס וועט אפשווייקן דאס שמוץ פון דער ערד. ווי אזוי, ווען און וואס — איז פאר גראפער’ן געווען א האלב־פארמאכטער בוך.

איך געדיינק גראפער’ס „א רייזע אין וואשינגטאן" פאר דעם „ליבערייטאר". וויפיל סארקאזם, חוזק און בטול זיינען געלעגן אין די טיפן פון די הויכע געזעצגעבער און שטאטסלייט. די ליבע אייגנשאפטן פון דעם „באביט" האבן זיך געריסן פון יעדער ליניע. גראפער האט מיט עטלעכע שטריכן אויסגעטאן די סענאטארן און קאנגרעסלייט נאקעט, ער האט אנגעשטעלט אויף זיי דעם קרומען שפיגל פון דעם קאריקאטוריסט, און ווי קליין און נישטיק זיינען זיי געווארן. דער גאנצער הויכער סענאט איז איינגעשרומפן געווארן, טאקע ווי ער איז עס אין לעבן, ניט מאניקירטערהייד.

גראפער איז אויך פריער געווען גרויס אין זיין סאטירע און פרעכטיק אין זיין נעגאטיווער קונסט. די לעצטע פאר יאר איז געקומען אין אים א באדייטנדיקע, פרוכטבארע ענדערונג. דער מייסטער פון חוזק איז געווארן דער קינסטלער פון האפנונג און דערווארטונג. גראפער האט דערפילט, וואס ווארט הינטער דעם ראנד פון דער היינטיקער ארדנונג. ניט נאר טאפט ער אן מיט זיין פינזל דעם אומעט פון ה י י נ ט, נאר אויך די אנקומענדיקע פרייד פון מ א ר ג ן, וואס וועט קומען נאך דער גרויסער רעוואלוציע.

די באלשעוויסטישע רעוואלוציע מיט אירע דערגרייכונגען און די היגע רעוואלוציאנערע קאמוניסטישע באוועגונג זיינען געווען די כחות, וואס האבן באנייט און באפרוכפערט גראפער’ס שאפן. נאכפאלגנדיק גראפער’ס ארבעט לעצטנס, האב איך דעם געפיל, אז ער האט געקראגן פליגלען. דער זעלביקער מאטעריאל קומט ביי אים איצט ארויס באהויכט מיט א טוי פון דער צוקונפט. דער גענגסטער, פאליטישן, באס און ריכטער ווארפן מער ניט ארויף קיין שרעק. הינטער זיי איז פאראן די אנצוהערעניש פון ווידערשטאנד, קאמף און זיג.

גראפער’ס קונסט איז איצט ניט נאר א צעשטערנדיקע, נאר אויך א בויענדיקע. גראפער מאלט ניט נאר די שומרים פון היינט, נאר די קעמפער קעגן דעם היינט און די בויער פון צוקונפט. אין זיינע ארבעטער־טיפן איז דא ליבע און האפנונג. די פאריער און קלאוקמאכער זיינען ניט די הונגעריקע טרעמפס פון יארן צוריק. פון זיי שלאגט מיט מאכט. גראפער האט דערפילט די שעפערישע מאכט פון ארבעטער־קלאס. צו זיין האס איז צוגעקומען ליבע; צום אומעט—האפנונג.

גראפער’ס קונסט איז באשפרינקלט מיט חן. אן אינערלעכע פיינקייט טראגט זיך אריבער אין די שפיצן פון זיינע ליניעס. זיינע בילדער, כאטש אפט איבערגעטריבן, זיינען שטענדיק ברייט אין פארנעם, קלאר, אויסדרוקספול און סאציאל. ניטא אין זיי קיין פוסטקייט, זיי ריידן די שפראך פון א אידייע.

א קינד פון דער איסט־סייד, איז גראפער אייראפעאיש אין זיין פארם. ער האט ליב צו עקספערימענטירן. „מיט א דינעם שטריך קען איך אמאל מאלן א דיקן בוים", זאגט גראפער. דערמיט וויל ער אויסדריקן די „פרייע האנט" פון דעם ארטיסט אין זען און אינטערפרעטירן זאכן.

גראפער איז עכט. דאס איז איינע פון זיינע גרויסע מעלות. גראפער איז פריש. די עכטקייט און פרישקייט האט ער אריינגעגעבן אין זיין ארבעט פאר דער „פרייהייט" און פאר דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. גראפער דינט אונזער באוועגונג. ער קעמפט מיט פינזל, ווי די ארבעטער מיט זייערע הענט און מחות.

גראפער’ס מיטארבעטערשאפט אין דער קאמוניסטישער פרעסע איז ניט קיין צופאל.

גראָפּער איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ער איז אַן אייגענער, כאָטש ער באַלאַנגט ניט אין דער פּאַרטיי. די אידעאָלאָגישע נאָענטקייט איז לעצטנס געוואָרן רייף און פול.

גראָפּער האָט געהאַט דאָס גליק אָפּצושפּיגלען דעם גרעסטן און וויכטיקסטן קאַמף אין דער אידישער ארבעטער־באַוועגונג. אַזעלכע געשעענישן, ווי די סטרייקס פון די קלאוקמאַכער און פאָריער, דער קאַמף פון דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע, דער היסטאָרישער קאַרנעגי-האָל מיטינג און אַ ריי אַנדערע גרויסע און שטורמישע פּאַסירונגען. דער קאַמף פון די אידישע אַרבעטער אין די נאָדל־פאַכן וועט אַרונטערגיין אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי דער קאַמף פון דעם רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד פון ארבעטער־קלאַס. צוזאַמען מיטן גאַנצן קאַמף וועלן אויך גראָפּער׳ס צייכנונגען אַרונטערגיין אין דער געשיכטע.

ווייט פון אידישן לעבן, האָט גראָפּער מיט זיין דינעם, פיינעם קינסטלערישן חוש אויפגעכאַפּט אידישע געשעענישן. זיינע אידישע טיפּן לעבן מיט יעדן שטריך אויף זייער פנים. אַ ליבער הומאָר איז אויסגעגאָסן אויף זיי. די אידישע צייכנונגען זיינען אַן צווייפל צווישן די בעסטע אין דעם אַלבאָם.

גראָפּער איז אַן אַמעריקאַנער. אים איז ניט שווער אויפצוכאַפּן די נישטיקייט פון אַ קולידזש. דער פּאָרטרעט פון פּרעזידענט אין דעם אַלבאָם איז דער כלל־קולידזש, וועמען דער הערשנדיקער קלאַס קלייבט אויס צו רעגירן איבערן לאַנד.

אַ מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט“ האָט אַ סך פאַרגיטיקונג פאַר זיין ארבעט, חוץ איין סאָרט פאַרגיטיקונג: די מאַטעריעלע. גראָפּער איז אין דעם פּרט ניט קיין אויסנאַם. ער טראָגט עס אַריבער מיט זיין געוויינטלאַכער שטילקייט און חן.

די „פרייהייט“ גיט אַרויס דעם אַלבאָם, ווי אַ שפּיגל פון הייסע פּאַסירונגען און ליידנשאַפטלאַכן קאַמף. גראָפּער׳ס צייכנונגען זיינען געווען איינע פון די פּאַנצערן אין דעם קאַמף. די „פרייהייט“ איז זיכער, אַז אין דעם גייסט וועט אויפגענומען ווערן דער אַלבאָם פון די טויזנטער פאַרערער, וואָס גראָפּער האָט זיך דערוואָרבן צווישן די אידישע האָרעפּאַשניקעס אין אַלע טיילן פון דער וועלט, וואו אידיש ווערט גערעדט. די „פרייהייט“ איז אויך זיכער, אַז דער אַלבאָם באַפרידיקט אַ באַגער, וואָס האָט זיך געפילט פון אַ לאַנגער צייט אין אונזער באַוועגונג.

גראָפּער׳ס בילדער וועלן זיין אַן אייביקער אָנדענקען פון פאַרגאַנגענע פּאַסירונגען, אין וועלכע מיר אַלע האָבן אַנטייל גענומען אין דער אָדער יענער פאָרם. בלעטערנדיק דעם בוך מיט די צייכנונגען, דערמאָנט זיך נאָכאַמאָל די אַלע איבערגעלעבטע סצענעס. פון די בילדער ווייעט מיט וואַרימקייט פון קאַמף. זיי דערמאָנען אונז, אַז נאָר אין אָנשטריינגונג און קאַמף וועט דער אַרבעטער־קלאַס געווינען זיין מאַכט.

אנהויב אָקטאָבער, 1927.



270



שטייט אויף איר אלע ווער ווי שקלאפן!

צוויי קבלת פנים'ס פאר סטרייקער




נאָך זייער באפרייאונג




אויף דער פיקעט־ליין

# עס שטימט...




מילשטיין (שיקאגער פאררעטער פון די פאַריער, צו דער ברייטער מאסע, וועלכע האָבן אויפגעהויבן די פויסטן געגן זיין אגרימענט מיט די באלעבאַטים), אָט אזוי, אָ, אאיינס, צוויי, דריי, זיבעציק, דריי הונדערט, דער אגרימענט איז גוטגעהייסן.

# אַ טראָיקע




פּאָליטישן: — זאָלן מיר אלע אזוי לעבן ווי מיר זיינען „אַ גאָלדענער סעט“...




קאַהאַן: — ווי דו זעסט איז דער „פּאָרווערטס“ עקסטרא פאַר דיר.

אַרבעטער: — **איך פּיל דאָס....**

העלפט א קראנקן טאטן מיט א סך קינדער






זייער נייע שפייזערין

# פאַרזאָרגער




גראָפּער

וואָס ביידע פּרעזידענטן האָבן געטאָן
אָפּצושטעלן די ברוטאַליטעטן אין פּאַ־
סייקער סטרייק.




אויפ׳ן משפט נעגן „פאָרווערטס"

אייב קאהאן אונטערהאַלט זיינע געסט




דזשענטעלמען: — איצט ווען איך פאָר
אין רוסלאַנד, מעגט איר זיכער זיין, אז
אויך פון דאָרטן וועל איך ברענגען דעם
אמתן אמת, סאָ העלפּ מי גאָד...!




וועז נאָנטע מחותנים „פּאָרטרעטלען"
איינער דעם צווייטן




נאָך אַביסל און —

און זי רעדט...




קאָמוניסטן, גנבים, זשוליקעס, גענגסטערס,
כוליגאַנעס, בייטל־שניידער, טשיקן־פּליקערס,
פיש־קראַצערס, קאַפּע־און קעיק באַיעס, מוידן,
א. אז. וו.

# יענטעס תפילה




יענטע (אין א „פאָרווערטס“ „אידיאָטאָרל“ ערב יום כפור — טייערע גאָטעניו, דערבאַרים זיך, די קאָמוניסטלאַך ווילן אונז ביידן ניט אָנערקענען מער, און מאַכן אונז מיט בלאָטע צוגלייך.




א בילד, וואָס רעדט

די קאַקסי'ס אַרמיי פון „פֿאָרווערטס"־סטעף, וואָס פירט אָן דעם קאַמף געגן די לינקע אין די יוניאָנס



אָט אזוי וואַקסט דער „פֿאָרווערטס"־סטעף. אזוי שנעל ווי די געלע גענאָסן פארלירן זייער קאָנטראָל אין א יוניאָן, ווערט באלד געבאָרן א „נייער" מיטאַרבעטער פון „פֿאָרווערטס". און יעדער נייער ווערט געבאָרן „אלט": אן „אַלטער פאָריער", אן „אַלטער קלאָוקמאַכער„, אן „אַלטע דרעסמאַכערין". מיט דער צייט וועט נאָך צום סטעף מסתמא אויך צוקומען אן „אַלטער שניידער", אן „אַלטער קירזשנער", אן „אַלטער קאַרפּענטער" און אזוי ווייטער

קאַהאַן האַלט אַ רעדע פאר די ארבעטער:




(דערזעענדיג די פּראָטעסט דעמאָנסטראַציעס ארום דעם „פאָרווערטס“). — געוואלד, פּאָליס!

דער גע-רעכטער ריכטער




ריכטער ראַזאַלסקי — 5 יאָר חד־גדיא פאר
די לינקע חברה, אזוי הייסט מיר מיין ציו־
ניסטישע האַרץ
(ראַזאַלסקי האָט פארמשפּט קלאָוק־סטרייקער אין טורמע)

ווען די מסירה וואָלט אמת געווען...




פאָריער סטרייקער — נאַ דיר טייערער פּאָליסמאַן געצאָלט, פאר וואָס דו שפּאָלסט אונז אזוי אָפּט די קעפּ אויף דער פּיקעט ליין. (לויט דער מסירה פון דער א. פ. אָוו ל., אז די פאָריער האָבן אונטערגעקויפט די פּאָלים).




חבר אב. קאהאן אין רוסלאנד

## די שלאַנג און אירע באַציצער




(צום סאָבוויי־סטרייק אין ניו יאָרק)

## פערדישע טענות




פערד (אליין צו זיך) — עס איז מיר פֿאַרט
אַ חרפּה צו געפינען זיך אין אזא קאָמפּאַניע
(צום סטרייק פון די פּייפּער באָקס מאַכער).

## די איינציגע שטיצע פון די פאררעטער




מ אַ ק ג ר י י ד י : — העלף, ברודער
אָן דיר בין איך אינגאַנצן אַ פארלאָרט
נער!!! ,

דער ריכטיגער בעל עגלה מיט די ריכטיגע פּאַרשוינען




ארבעטער, היט זיך, די באוועגאכץ פאָרט..




סטרייקער הינטער גראטעס

## דער וואָס רייסט די יוניאָן




גענגסטער קומט צוהילף

## ביידע רייסן די יוניאָן




פּאָליסמאַן קומט צוהילף

אַלע דריי רייסן די יוניאָן




„פאָרווערטס" קומט צוהילף

אַלע פיר רייסן די יוניאָן




ביז — — — — —

מען דערקענט דעם בחור לויט זיינע שותפים




אלע פאָרן זיי אין איין וואָגן און שרייען:
„קאָמוניזם, מאָסקווע, רויטע", א. אז. וו.

זיי שטעקן דאָרטן וואו זיי באַלאַנגען




י ו נ י אָ ן־פ י ר ע ר : מיר ווען די לינקע אַהער נים צולאָזן.




פּרעזידענט גרינ'ס טעטיגקייט אין
פּאסייקער סטרייק

פרעזידענט גרין




אָט דאָס איז מיין באַליבטער מאכל

## פאַרזאָרגער — פאַר וועמען?...



אַ וואונדער וואָס דער אַמעריקאַנער אַרבעטער
איז אַזוי פאַרשוואַרצט?

אָט אַזעלכע בלאָטע־פירער פירן דאָס די יוניאָנס,
(צו דער ערעפענונג פון דער א. פ. אָוו ל.
קאָנווענשאָן).

## ניגער: — שווערע פירער ביי זיי



(ביי דער קאָנווענשאָן אין אטלאנטיק סיטי
האָבן זיך די פירער געלאָזט וואוילגיין אויפ'ן
באָרדוואָק)

פרעזידענט גרין



(צו דער קאָנוועגשאָן פון דער א. פ. אָוו ל.
אין אַטלאַנטיק סיטי)

## טיפּן פון דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן דעלעגאַטן



(צו דער א. פ. אָוו ל. קאָנווענשאָן)



„אָנגעזעענע“ דעלעגאַטן



פיר נעגער דעלעגאטן, וואס פילן זיך באם קאנװענשאן ווי יתומים

## די לינקע לאָזן ניט שלאָפן!




ט. י. ע. ל.—אָרגאַניזיר די ניט־אָרבאַניזירטע!
ג ר י ן :—שאַ, וואָס מאַכסטו פאר א געוואלדן!
לאָז אים שלאָפן!

## ער האָט זיי דערקענט




„פ אָ ר וו ע ר ט ס“ — נו, וואָס זאָגט ער דאָרטן, דער ארבעטער, ער גיט עפּעס?
זיגמאַן און בעקערמאן — אָט אָ דאָס אָ... גיט ער, (צו דעם „פאָרווערטס“ קאַמפּיין פאַר שטיצן די ביוראָקראַטן אין די יוניאָנס).




נאָכ'ן קאַמף מיט דער דזשאָינט עקשאָן קאָמיטע..

אך! ווען ער קען שיסן!




ער וואָלט שוין געווען פּרעזידענט אויף אייביג

## גר—ר—ר—ר—ר




זיגמאן און בעקערמאן — ג—ר—ר—ר—ר—ר, די קאָמוניסטלאך, די מוידן, די לינקע, די באָלשעווי־ קעס, די „פרויהייט" — ג—ר—ר—ר—ר—ר




„לאָו און אָרדער", ווי די מאַנופּעקטשורערס
פאַרשטייען

די סארווער



## מאַריסקע פעדלט מיט נייע טשאַרטערס




מ אָ ר י ס ק ע :—קויפט, אידן, ביליג, די
בעסטע טשאַרטערס, קיין פריז ווערט ניט צוריק־
געוויזן !

## ג ע ט ס י י . . .




געטסיי אליץ, געטסיי. באַלאָט־באָקסעס, קאָסעס־
טשעקס, יוניאָנס, אבי געטסיי.

## מאַריסקע מוכר־יוניאָן פאַרקויפט מציאות




ז י ג מ אַ ן — קויפט, אידן, יוניאָן־ביכלאך,
ביליג, 50 סענט אַ שטיק!

## הקול קול באָסעס, והידים ידי הילקוויט...




ריידן געגן דער יוניאָן רעדט טאקע דער באָס, אָבער
הינטער אים איז דער פירער פון די גענאָסן (היל־
קוויט איז דער לאָיער פון דער באָסעס אָסאָסי־
אײשאָן פון דרעס רעבּיט פאָר טרייד אין נוארק)




ער זוכט נאָך אַלץ די גליקן...




מ א ר י ס ק ע :—קויפט, קויפט, ביליג, — בא
מיר איז אלץ ביליג




— און פאראזיטן א מפלה
באקומען וועלן פון זיין שווערד.

הקפות אין זיגמאַנ׳ס יוניאָן




דער „פאָרווערטס“ האָט געשריבן, אַז די ליין פאַר רעגיסטרירן זיך ענדיגט זיך גאָרניט..

## ס'איז שוין נישט דער ערשטער „סקרעפ אָוו פּייפּער"!



סענאטאר ווילער:—ס'טייטש, ווי קען מען פארשוועכן די קאָנסטיטוציע פון ניקאַראַ־גוא און שיקן אהין אמעריקאנער סאָלדאטן?
אלע סענאטאָרן אין כאָר
כאַ־כאַ־כאַ! וואָס זאָגט איר אויף דעם יאָלד, ער פרעגט קשיות?




קולידזש — דאַטס אָל...

וואַל-סטריט — ערשטער אַקט



די לעמער לויפן כאַפּן מציאות

וואָל-סטריט — צווייטער אַקט




די לעמער לויפן צוריק — אָפּגעשאָרענע




דער רוף צום קריג

## שיסן מיט דעמאָקראַטיע




די שטענדיגע באַשיצער פון „דעמאָקראַטיע" וואָס זיינען גרייט מקריב צו זיין די בעסטע קוילן פאַר דער הייליגער זאַך פון וואָל־סטריט.

„אַמעריקא פוירסט“




(צו דער סטאַטיסטיק, אַז אין אַמעריקע ווערט באַגאַנגען די גרעסטע צאָל פאַרברעכנס)




אָ פּאָרטרעט פון א געזעצגעבער

גיט זיי אָפּ רוסלאַנד!




(צום צוזאמענפאָר פון די מאָנארכיסטן אין פּאריז)

אַ קרוין? — פּראָשע פּאַנאַ!




(צו פּילסודסקי'ס אמביציעס צו ווערן א קיסר)

1914



מ'האָט געזייט ווינט און מ'שניידט שטורם




אין 1914 האָט מען אָנגעצונדן א וועלט־שרפה און פארניכטעט מיליאָנען מענטשן אף צו פארגרייטן דעם באָדן פאר א נייער בלוט־באָד, צו וועלכער די הערשער פון דער וועלט טרייבן איצט די מענטשהייט




די אלטיטשקע אייראָפּא, נעבאך...

## אַן אָפֿן מויל



אַט אזוי ליידעט נעבאַך א דעלעגאַט אויף אַ קאָנווענשאָן פון דער א. פ. אָוו ל., בא די באַנקעטן פרעסט ער, און בא די זיצונגען געגעצט ער.

## ער איז עלעקטעט...




רעפּובליקאנער און דעמאָקראַט (צום נאַרישן וויילער)—קום גיב מיר דיין שטימע, וועסט דאָך, אַז איך וויל ערוויילט ווערן פאַר דיין בענעפיט...




אָט אזוי פארטומעלט מען דעם בירגער

## אַ ליידיגער וואָגן מאַכט אַ גרויסן ליאַרעם




(די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע ליאַרעמט וועגן
אַ „רויטע געפאַר“ אין אמעריקע)




אויף דער פרידענס־קאָנפערענץ אין זשענעווא




די פאָנענטרעגערין

# אין זאָטל



קאַפּיטאליסטישער קאנדידאט — איבעראיאָר אז
מירן לעבן וועלן מיר זיך ווייטער זען!

די טרוקענע ויינען ניט ארויס טרוקן




(די ווילער האָבן אין לעצטן רעפערענדום
געשטימט געגן פּראָהיבישאָן)

## ער לעבט א „טאָג“...




גראָפּער-

„ ט אָ ג „ (האַלט אין איין שרייען, אז ער איז אומפּאַרטייאיש) — איך בין מיט אלעמען, פאַר אלעמען, פון אלעמען, פאַר דריי סענט... שפּיל איך אייך וואָס איר ווילט פאַר א טאַנץ




גייסטיגע שפּייז יעדן טאָג




א קרבן פון סענסאציעס

# א גוטער אינוועסטמענט



ק אַ פּ י ט אַ ל י ס ט — פאר מיינע פּאָר סענטן
וועלן זיי מיר גאַנץ טריי באַשיצן מיינע מיליאָנען,
(צו די שטיצע וואָס קאַפּיטאל גיט פאר די קאָ־
לעדזשעס).

## גלייכע צעטיילונג פון קאַפּיטאַל




די רייכע זיינען קלוגע
האָבן „ברייטע הענט"...
נעמען צו די דאלערס
און שיינקען וואו א סענט.




גערעכטיגקייט אין דער סאוט




אונטער זיין רעזשים האַלט זיך דאָס פאָלק גאַנץ רואיק




ענגלאַנד רייסט איבער באַציאונגען
מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד

## די שפּיל אין זשענעווא




די קאַפּיטאַליסטישע קלאָונס: — אלע מיט אַמאָל, העכער, שטאַרקער, לאָמיר זינגען דאָס לידל:
אַנטוואָפּנונג! אַנטוואָפּנונג - אנטוואָפּנונג!

## לחיים! זאָל לאנג לעבן פּראָהיבישאָן




ער האָט געהאַט א גוט יאָר. א דאַנק דעם,וואָס די רעגירונג האָט פאר'סמ'ט טויזנטער גאַלאָנס בראָנפן, זיינען הונדערטער מענטשן אומגעקומען לעצטן קריסטמעס און נייע־יאָר איבערן גאַנצן לאַנד.




יענקי אימפּעריאַליזם דורך אַ הינטער טיר




אין די הענט פון די ווייסע




ח ו ר ב ן




וועז ער זעט וואָס אויבן טוצאך וואָלט ער
אויפגעהערט צו פּאָמפּען.




ס'וואלגערן זיך ארום אוֹצרות אין דער וועסט




מיט אַ שמאַטע וויל ער פאַרדעקן די זון



בלויז... מיט 5 לופט־שיפן, 50 האַרמאַטן, 10
טויזנט גראַנאַטן און 39 סאָלדאַטן האָט ער איינ־
געשטילט 330 ניקאַראַגוער.



פאר דעמאָקראַטיע און אידעאַלן

דער זעלבער בכבוד'יגער בירגער



# מוסאָליני



אָט די דאָזיקע פיגור
שפּילט זיך מיט דיקטאַטור
און די באָמבע מיט'ן קנויט
וואַרט אויף ביידן מיטן טויט.

פאָרד רייניגט זיין געוויסן...




איצט, האָפּט פאָרד, וועלן די „פאָרדלאך"
גיין א גאַנג.
(צו פאָרד'ס חרטה אויף זיינע אנטיסעמיטישע מעשים)


גראפער

דער זעלבער בכבוד״יגער בירגער



# מוסאָליני



אָט די דאָזיקע פיגור
שפּילט זיך מיט דיקטאַטור
און די באָמבע מיט'ן קנויט
וואַרט אויף ביידן מיטן טויט.

פאַרד רייניגט זיין געוויסן...




איצט, האָפּט פאָרד, וועלן די „פאָרדלאך"
גיין א גאַנג.
(צו פאָרד'ס חרטה אויף זיינע אנטיסעמיטישע מעשים)

## פּאַסקודסטווע




1טער פּאַסקודניק (רעכטס) : ס׳געהערט, די פּאַר־ברעכער גייען ארוים אין אַ הונגער סטרייק.
2טער פּאַסקודניק : וואָס־זשע זאָרגסטו, איכ׳ל זיך אליין אן עצה געבן...

לייבלאַכע ברידער




— פון יאָר צו יאָר שטייגט מער אונזער דער־
גרייכונג, בויענדיג דאָס גליק פאר דער ארבעטנדער
מענטשהייט.



פרומער רב לויפט פון שול אהיים זיך צו
קוויקן מיט'ן שונד ראָמאַן פון זיין „פויפער“


פויליִשער
„שייִנער איד"
·גראפּער·

די כלי זמר אויף די העכסטע טענער



ציוניסטישע טעטיגקייט פאַר די אידע אין גלות






אב. קאהאן איז זיך מתודה ביים כותל מערבי




(אין א באַלטימאָרער רעפאָרמירטע שול האָט אַ
קריסט געבלאָזן שופר)

## א כשר - טאַנץ



די ציוניסטישע בייבי קען ניט זאט ווערן



ווייצמאַן טענה׳ט זיך אויס מיט דזשאַן ביל



פאר אַ פּאָר גראָשן ? — גרייט אויף אלץ !




(די רעכטע פיפעלס רעליף האָט פארקויפט די אינטערעסן פון די ארבעטער, איר אייגענע עקזיס־טענץ, און דאָס ביסל ערע וואָס זי האָט געהאַט פון אַמאָל)

## זיי רעדן אויף איין שפּראַך




פּוילישער אַנטיסעמיט — פאַראַן צופיל אידן אין פּוילן!
ציוניסט גרינבוים — צופיל אידן פאַראַן אין פּוילן!

## א בעל צדקה אויף יענעמס




פ י ל אַ נ ט ר אָ פּ ן (קלאַפּנדיג מיט די פּושקעס) — העלפט די אָרימע, גיט טשאַריטי און איר וועט זיין אין גן עדן.


די יתומה׳לע
מיטן ממזר׳ל


שולאמיס


אמעריקאנער
גליקן


גוואלד, אַ דבוק!
גראפער

# ציוניסטן קעמפן אויס זייער רעכט



## דערשלאָגן אַ קאָנקורענט




ביאַליק האָט אין ניו יאָרק פּייערלאַך דערקלערט,
ווייַן, וועל איך דיר! האָסט געוואָלט מיט מיר
קאָנקורירן? (צום פאַרבאָט אַף סאַקראַמענטל ווייַן)

די אָפּענע טויערן פון הייליגן לאַנד




זיינען אָפן פאר אימיגראַנטן מיט 500 פונט שטערלינג

## די גלות-קליאַטשע איז זיין ליבלינג




ביאַליק האָט אין ניו יאָרק פֿייערלאך דערקלערט
אז איין איד אין ארץ ישראל איז וויכטיגער ווי
אַ עדה אידן אין גלות




רבותי! רעדט לשון־קודש אָנלי!



ד ז ש ע נ י :—וואָס דענקסטו, מיר'ן זיך ארויפארבעטן ?
ט אָ מ י :—איך דענק, וואָס לענגער מיר'ן גראָבן אלץ טיפער וועלן מיר ליגן אין דער הדמה . . .



די עלטערע פרוי צו דער אינגערער: — **מײַן זון** האָט זיך, קיין האַנאָרע ארויפגעאַרבעט, **ער האָט** שוין פיר מיידלאַך און דרײַ אינגלאַך.

אין די ,ומערדיגע היצן — ווי ווער עס שוויצט



1.



2.

אַ פייער-פּאַסטקע אויף דער איסט-סייד






אויסגעקעמפט אַ באָדן אונטער די פיס.



איצט דערזעט ער, וואָס ער
האָט פריער פאַרזען.



ענדלאך זיך באַפּרייט פון מיליטער־דינסט.



אַ גליק האָט אים געטראָפן —
ער איז צוריקגעקומען.



די רײַכע דאַמען: ווי אַלט איז דאָס בילד?
סוחר: א, פּרעגט גאָרניט. דאָס בילד האָט
זיך גערוואַלגערט אין בלאָטע הונדערטער
יאָרן.




דער פערד צו זיך אַליין: אויב איך וועל
הּאָרעווען זייער שווער, וועל איך זיך
זיכער אַרויפאַרבעטן...

## א באַגעגעניש




בערל: נו, ר' חיים, וואָס זאָגט איר?
חיים: נו, ר' בערל, וואָס זאָגט איר?
בערל: דאָס טענה איך דאָך די גאַנצע צייט.

## אַ יורידיקציע-סכסוך



ערשטער בעטלער צום צווייטן: קריך ניט אויף מיין טעריטאָריע...
צווייטער בעטלער: דיין טעריטאָריע? איך בין דאָ געבוירן געוואָרן...

# אין די פּאַרקס פון ניו יאָרק




ער שלאָפט ווי ביום טאָטן אין וויינגאָרטן

## ווינטער-צייט




די פרוי: מיין זונעלע דארף טאַקע האָבן אַ וואָרימען
קלימאַט



זיי זיינען פאַרטיפט אין אַ רעדע



ווער פון זיי איז גערעכט?



ער רוט נאָך דער אַרבעט



דער אַלטער בעטלער




פּאָליסמאַן: העי, טראָג זיך אָפּ פון דאַנען!
אַלטע פרוי: ווער האָט פאַר דיר מורא? מיך האָט אַמאָל געקענט דער קעפּטען.

## מיין איצטיקער פעטער





ווען דו, מיין קינד, וועסט עלטער ווערן...